# INTER ARMA

## א זאמעלבוך ליריק

רעדאַגירט פֿון

## שמואל יעקב אימבער.

ביטרעגע פֿון אימבער ש. י., גרינבערג א. צ.,
מעסטעל י., קעניגסבערג ד., ראַוויטש מ.

יודישער בוך און קונסטפֿערלאַג, מ. היקל, וויען — ברין.
1918.

# INTER ARMA

a Samelbuch Lyrik

redagiert vyn S. J. IMBER.

די אויטארען פון די געדיכטע, וועלכע איך גיב דא איבער טראגען זייט יאהרען דעם ראק, וועלכער שנירט ענג צוזאמען דעם האלז פון דער מוזע. מעסטעל און קעניגסבערג האבען געטראגען אויך די וואפען און אהיימגעטראגען וואונדען פון דעם שלאכטפעלד.

ווען עס איז מיר איינגעפאלען, זיך נאכצופרעגען ביי די פריינד אויף ליעדער פון די לעצטע יאהרען, וועלכע ווייזען אבער נישט אויף קיין שום שפורען פון די צייטען און ערייגענישען אין וועלכע זיי זענען ענטשטאנען — האב איך מיט פרייד ענטדעקט אוצרות, גרעסער ווי איך האב געוואגט צו ערווארטען. צווישען קאסערען־מויערען, אונטער לאגער־געצעלטען, צווישען בליצענדיגע בלוטיגע וואפען, אין לענדער פון נויט און פון טויט — האבען די מוזעס קלוג צוגעמאכט די אויגען, און אין טיעפען, הייליגער ווי שיצענגראבענס, אין הייכען, הערליכער ווי די פון קעמפענדע לופטפליהערס דערגרייכטע האבען זיי מיט העלדישער רוה געשפינען די גאלדענע פעדעם פון אייביגער שעהנקייט און גוטסקייט, וואס פערקניפען דאס אומשולדיגע לעבען פון אמאל מיט דעם אומשולדיגען לעבען אין טעג, וואס וועלען ווידער קומען.

א גאר קליינעם טייל פון די ליעדער ברענג איך דערווייל אין דער היינטיגער זאמלונג.

ווין, מאי 1918.      ש. י. א.

1.

ז׳האט קיינמאל נישט געהערט צים קרייז פון יענע מיידלעך,
וואס געהען אים אין גאס צו צוויי, צו דריי, צו פיער,
אין קוקען ווי פערבענקט, און רוישען מיט די קליידלעך,
אין רעדען שעה׳ן=לאנג, און בלייבען פרעמדע דיר.

זי איז א קינד פון די, וואס שפילען נאר מיט שוועסטער —
דאס פייער פון דעם הארץ שמידט זייער בליק צו שטאהל —
אין אך, דאס גיטע ווארט איז זייער שאץ דער גרעסטער,
זיי גיבען עס צי קארג, און אך, צו שפעט אמאל.

2.

דאָס גאָלד פֿון דײַנע אויגען,
דאָס זילבער פֿון דײַן קול
האָט מיך מיט טויזענד שטראַהלען
געבלענדט.

דער אָטעם פֿון דײַן שווײַגען,
דײַן שטאַרקע, טיעפֿע רוה
האָט מיר נאָר שטיל געבינדען
די הענד.

דײַן ציטעריגער צויבער,
דײַן יוגענד רויט און בלאַס
האָט ווײַך אַרויסגעצויגען
מײַן האַרץ.

דאָס פֿײַער פֿון דײַן ליעבע,
דאָס פֿײַער פֿון דײַן האַס
האָט זיס מיר אויסגעזויגען
מײַן בלוט.

---

### 3.

אָ טאָכטער מיינע, אָ מיין שוועסטער,
אָ ליעבסטע מיינע, אַלעס מיינס!
אָ טרױם מיין שענסטער, טרױם מיין בעסטער,
מיין גרויסער גאָט, מיין קינד, מיין קליינס!

אָ ליעבע ליבּע, מיידעל, מלאך,
אָ ליעבע ליבּע, אָרים קינד —
ווי אָהן רחמנות ווילד בעפאַל איך
דיך, צאַרטע בּלים, איך שטורעם־ווינד!

אָ, גאָט בּעשיץ דיך, מיין געליעבטע —
איך בּין דער ווינד און ווייס קיין ראַסט!
און הינדערט װעלטען לייד־געטריבּטע
בּין איך מיט פרייד און אָפטער גאַסט.

צי וועסטו נישט אַמאָל מיך שעלטען,
וואָס כ'האָב געראויבּט דיין ליעבּע רוה? —
ווער ס'געהט מיט מיר אין מיינע וועלטען
מאַכט אויף דאָס האַרץ, מאַכט ד'אויגען צו.

## 4.

צי זעהן אַ שעה דיין ליעבליכקייט
מוז איך פערבענקען טעג אָהן שיעור —
מיין ליכטגעזיכט, מיין אויגענפרייד,
עס פיהרט אַ ווייטער וועג צו דיר!

און געהען געה איך לײדבעגלײט,
אין כ'קום פערמאַטערט און כ'עמיעדט —
עס וועלקט מיין האַרץ פאַר מיעדיגקייט
ווען פאַר מיין אויג דיין שעהנקייט בליהט.

אין דאַן, ווען ס'פאַלט מיין זעעל אָהן מאַכט,
מיין זעעל, וואָס בענקט אין קרענקט צופיעל —
פאַר וועמען, זאָג, בליהט דאַן דיין פראַכט?
איז יעדען אויג די זין אַ ציעל?

קאָן זיין דיין שיין, די ליכט=געזיכט,
אַ רויב פאַר בליקען, דיך נישט ווערט?
אין איז דיין שטראַהל דאָס לייכטע ליכט,
וואָס טאַנצט מיט יעדען שטויב פין דרערד?

---

5.

דו רעדסט פֿון דאַנטעס ווען דעם טויזענדפאַכען
און פֿון מיצקיעוויטשס ביטרער ליעבעס-פּיין —
ווי קאָנסטו רעדען פֿון אַזאָלכע זאַכען,
און קוקען גלייך אין ד'אויגען מיר אַריין?

איז דיר נישט הונדערטפאַך געשריי מיין שווייגען?
און איז מיין שווערע נויט אַזוי פֿערדעקט,
אַז זאַמלען געהסטו רויזען פֿון די צווייגען,
וואו ס'העננט מיין האַרץ אויף דערנער אויפגעשטעקט?

6.

לאַנג וועט נישט דויערען, קינד מיינס, די קינד —
אין „גליק“ וועסטו רופען, וואָס היינט רופסטו „זינד“,
אין ליעב וועט דיר ווערען, וואָס היינט איז דיר פרעמד,
אין ווייטס אַזוי גּוּאָהנט ווי דאָס אייגענע העמד.

אין געהן וועסטו דעמאָלט מיט בענקשאַפט אין בליק
צי רופען צוריק דאָס פערשטויסענע גליק,
אין פריינדליכע ווערטער וועט טראָגען דיין ליפ —
די בלוט פון מיין האַרצען און פלייש פון מיין ריפ.

דאָך דעמאָלט וועט לויערען, קינד מיינס, די קינד,
מיט וועלט־שטויב בעדעקט אין בעפלעקט שוין מיט זינד
דאָס גליק, דאָס פעריאָגטע אין מיטען דעם פעלד —
אין פיינדליך בעפאַלען ביי נאַכט דיין געצעלט.

7.

מײַן האַרצענס ליכט האָט אױסגעברענט
אין שװאַרצע שאָטענס שװעבען,
אָ ליבּע —
דער טױט איז זיס פֿון דײַנע הענד,
אין גאָט װעט דיר פֿערגעבען.

די האָסט דאָס האַרץ מײַנס אױסגעלאַכט
אין טױט געמאַכט מײַן האָפֿען,
אָ ליבּע —
פֿון שאַרף-בעװאָפֿענט לײַד בעװאַכט
שטעהט ס'האַרץ מײַנס טױער-אָפֿען.

אָ זעה די װיסטע חורבה, זעה —
װאָס איז דען דאָ פֿערבליבען,
אָ ליבּע.
װאָס איז דען דאָ געבליבען, װעה,
פֿון אַל מײַן ליעבליך ליבען?

אַנטלאָפֿען װי פֿון שונא'ס האַנד
דאָס שעהנע, גיטע, ליעבּע —
אָ ליבּע,
מײַן האַרצענ'ס חורבה, װאַנד בײַ װאַנד —
אַ נעסט פֿון שאָטענס טריבּע.

צעשטער, צעשטער די לעצטע װענד,
און זאָל שױן רוה דאָ װערען,
אָ ליבּע!
אין װאַש דיר רײַן די זיסע הענד
מיט מײַנע טױזענד טרעהרען.

---

8.

און וויפֿיעל כ'זאָל קלערען צו האַלטען די טרערען —
איך וויין, און איך ווייס ניט אַליין;
ס'שניידט דורך מיט אַמאָל ווי אַ פֿאַלענדער שטערן
די נאַכט פֿון מיין האַרצען דיין חן.

אין טויען צעניעסט דאַן, פֿון טרויער געטראָפֿען,
און דופּטעט פֿערצווייפֿעלט און זיס
מיין בליהענדע ליעבע, מיין צערטליכעס האָפֿען —
ווי בלומען, געטרעטען מיט פֿיס.

## 9.

איך האָב מיך דערמאַנט אָן דײַן ליעבליכער האַנד —
ז'האָט קײנמאָל מיך נאָך נישט מיט ליעבע בערירט;
צי מוז אַזוי זײַן, און צי איז נישט קײן שאַנד
אַז כ'האָב בלויז דאָס לײד פֿון דער ליעבע געשפּירט?

צי איז אַזאַ רעכט אין דעם לאַנד פֿון דער ליעב,
אַז ס'קומט נאָר דעם שלעכטען דאָס גליק אין די הענד?
איך האָב מיך דערמאַנט אָן דײַן גאָלדענעם בליק,
אין ווי ד'האָט זיך קיהל צו מיר שטענדיג געווענדט.

ווי זיס וואָלט געווען דאָס וואָרט פֿין דײַן ליפּ —
גלײַך זיס, ווי דער הויך פֿין דער בליהענדער בלום —
בײַם סוף פֿין דעם זומער קוק איך מיך אַרום,
אַז כ'גיה אָהן דײַן וואָרט צי די ווינטערטעג טריב.

איך גיה אין דערמאַן מיך; אַ יבילד נאָך אַ בילד,
ס'ציהט דורך דורך מײַן האַרץ באַלד אַ היץ, באַלד אַ קעלט —
איך גיה ווי אַ בעטלער אַרים אין דער וועלט,
וואָס לײַכטזיניג האָט ער אַן אוצר פֿערשפּיעלט.

## 10.

און ווײַל דײַן טיר איז צו פֿאַר מיר,
און אויך אַזוי דײַן האַרץ —
געהט גאָט מיט מיר פֿון טיר צו טיר,
און אויך פֿון האַרץ צו האַרץ.

און אַלץ, וואָס איך פֿערליער בײַ דיר,
אַל, אַל מײַן פֿרייד און פֿריעד
שענקט גאָט בײַ גיטע מענשען מיר
און בײַ מײַן גוטען ליעד.



1.

אײנציגװײז, אײנציגװײז װערען זײ חרוב
די יוגענדפּאַלאַצען,
אײנציגװײז אײנציגװײז געהען פֿערלירען
די טײַערסטע שאַצען.

אײנציגװײז, שעה'ן־װײז לעשען זיך, שטאַרבען
די זיניגע גליקען;
אין טויזענד טומאַנען און שאָטען'ס זײ נעמען
דאָס לעבען פֿערשטריקען. — —

אײנציגװײז, אײנציגװײז, װערען פֿערװישט דיר
די רױזענצײַט־װעגען —
די װאָס דײַן דמיון צים װײַטען טרױם־היכל
פֿערפֿיהרען דיר פֿלעגען.

אין אײנציגװײז אײנציגװײז צעהרען אין האַרצען
די בליטיגע טויען —
אין ס'בלײַבט נור אַ לײדיגער חלל פֿאַר נעפּיל
אַ קבר צי בוען. — —

2.

עֶס פֶעהלט מִיר בְּלויז אויפ׳ן קָאפּ דָאס דֶערנֶער־קְרֶענצֶעל,
דַאן בִּין אִיךְ שׁוין דֶער גְרויסֶער לֵייְדֶענגָאט,
אִיךְ הָאבּ בַּאפוילֶען: לִיעבֶּען הַיים אִין לַייְדֶען —
אִין ס׳הַאלטֶען הֶערצֶער טויזֶענד מַיין גֶעבָּאט.

עֶס פֶעהלט מַיין גִיךְ דִי אויסגֶעקְרַייצְטֶע סָאסנֶע —
דַאן שְׁפְּרֵייט אִיךְ שׁוין מִיט לִיעבּשַׁאפְט אויס דִי אָרְעֶם:
פוּן מזרח שַׁייְנט מַיין בְּלוּטִיג הַארץ קַיין מערב,
מִיט בֵּיידֶע הֶענד גֶעשְׁפְּרֵייט קַיין צפון, דרום.

3.

אִיךְ בִּין דֶער שְׁטִילֶער גְלַאנְץ וואָס שְׁנֵיידט דִי נֶעפִּיל דִירךְ,
און זֶעלְטֶען וואו-נִישְׁט-וואו טְרֶעפְט — אַנְ'אוֹיג דֶערְשְׁנאַפְּט
מֵיין צִיטֶערְדִיגֶען בְּלֶענד:
ווֶענְס בִּין אִיךְ נִיר אַ קִינד, אַ אָרִים טְרוֹירִיג קִינד,
ווִילְד אַוֶועקְגֶעוואָרְפֶען פִין אונְטֶער מַאמֶעס הֶענד:
און מִיט אַ בֶּענְקְשַׁאפְטְס-בְּלִיק צוּ דֶער ווַייטֶער הֵיים
ווִי יֶענֶער שְׁטִימֶער שְׁטֵיין אִין אַ טָאלֶען-טִיעף
וואָס פִין בֶּערְגֶערְהֵייךְ הָאט אַ ווִינְט גֶע״כַאפְּט. — —

און ווֵייס מֵיין פְרֵיינד, עֶס אִיז מֵיין זֶעֶל-פֶערְלַאנְג דָאס לִיעד
פִין דֶער פְרֵיידֶענְשְׁוואַלְב אִין פַארְפְרִיהְלִינְגְס-צַייט. —
און כָאטְשׁ אִיךְ ווֶעל פֶערְגֶעהֶן — דָאךְ ווֵייס: ווֶעסְט זֶעהֶן דֶעם גְלַאנְץ
נָאךְ יָאהרֶען-לַאנְג. נָאךְ יָאהרֶען-ווַייט. — —
ווֶעסְט מֵיין אָבְּבִּילְד ווֶענְס אִין אַ קִינד דֶערְזֶעהֶן,
און אַ פוֹיגֶעל ווֶעט דִיר מֵיין קְלַאנְג פֶערְטְרוֹי'ן;
דִיר ווֶעט גַארְטֶען זִיךְ: פְלֶעכְטֶען מִיר אַ קְרַאנְץ,
און דוּ ווֶעסְט זוּכֶען מִיךְ אוֹיף דִי ווֶעגֶען גֶעהֶן.

4.

מײַן זעעל איז געבוירען אין מזל פֿון מלכות

דאָך טראָגט נישט די קרוינען מײַן נפֿש;

מיר שטעהט נישט אַ רײַה פֿון גבורים אין חצות'ן

מיט שפּיזען געצוינגען אין חשכות;

כ'בין גלײַך צו'ן בוים מיט די צווײַגען פֿול-בליטען

פֿערלאָזט אין מיט-וועג, אין די שטורעם'ס.

מײַן היכל שטעהט דאָרט וואו אַ פּעלז בײַ די ברעגעס

וואו ס'רײַסט זיך אַ ים מיט די ווילדעסטע כוואַליעס,

און וויל מיר דערצעהלען דעם סוד פֿונ'ם ווײַטקײַט

און וועלטען וואָס גליהען אין שוים פֿון תהומות. — —

בײַנאַכט, וואו אַ מענש און אַ ישוב נישטאָ איז

בעזאַלבט מײַנע לאָגען — צעשפּילטע אין חצות-ווינט —

דער הימעל מיט טויען; און ס'הילט מײַן נשמה

אין הייליגסטען תכלת. — —

איך ווייס אַז אַ מלאך'ס — נישט מענשען'ס הענד זענען'ס

פֿערלעגען אַ קרוין אַזוי רײַך ווי מײַן ליעד איז

אַריבער מײַן קאָפּ, מיט אַ חן פֿון לבנות...

און ס'שטײַגט אויפ'ן פֿעלזען אַ מיידעל פֿון ים-האַרץ

וואָס שפּילט איבער'ן ים אויף אַ זילבערנער האַרפֿע,

און כ'הער אינ'ם ניגון אַז דאָס איז מײַן ליעבע

אַז דאָס איז מײַן מלכות.

5.

נאָך געניג בענקשאַפט פערמאָגען די נעכט, די ווייסענקע זילבערנע נעכט,
נאָך געניג ציטריגע טראָפּפּאַלאַך טוי פערמאָגען די אויגען ביי מיר.
אין וואָלסטו געגעכטיגט אין חצות׳ן, געהאַלטען דיין קאָפּ אויף מיין האַרץ,
וואָלסטו ערשט מיט טאָג־ליכט דערזעהען אויף ווייסענע פלעכטען ביי דיר:
פון שנוראַלאַך פערעל אַ ציער...

נאָך געניג נאָגענדע קדושה פערמאָגען די בלייכענקע זילבערנע נעכט,
נאָך געניג טיעפליכען גליקענבעגעהר פערמאָגט עס מיין זעעל אין איהר וואוין;
אין וואָלסט געגעכטיגט כאָטש איינמאָל ביי מיר וואו ס׳נעכטיגט אַ מאַמע ביים זוהן,
וואָלט איך דיר געזינגען פון הימלישען גליק — און דו וואָלסט פערשטאַנען דאָס שוין,
און דאָס וואָלט געוועזען דיין לוין...

## 6.

שוין ווײַט די געליבטע ווי ווײַט ס'זענען זינגען,
ווי ווײַט ס'זענען זינגען פֿון אײַז-קאַלטען צאָפֿון;
ס'דערצײלן די שטערן נאַכט-נעכטליך וואָס ציטערנ'ס —
אין ז'לאָזען נאַכט-נעכטליך מײַן האַרץ נישט דערשלאָפֿען.

שוין ווײַט די געליבטע ווי ווײַט ס'זענען שטערן,
ווי ווײַט ס'זענען שטערן פֿון שוואַרצפֿלאַכער ערד;
אין כ'בלאָנקע אַלײן מיר — אַ שטערן אין טאָלען —
עס האָט נאָך קײן שטערן מײַן פּײַן-ליד דערהערט.

## 7.

וואָס האָב איך דען געהאַט אין שײַן פֿין טאָג
וואָס ס'שמערצט אַזוי דאָס האַרץ ווען ס'שטאַרבט דער היינט?
העט ווייט פֿין אונטער בערג איך פֿיהל, עס רופֿט
די שקיעה־זין: אָך וועה מײַן סוף, מײַן פֿרײַנד!

עס שמערצט מיך שוין דער מאָרגען־טאָג וואָס קימט,
איך ווייס ס'איז איהם באַשערט דער סוף פֿין היינט —
פֿין אונטער בערג ווי נעכטען רופֿט די זון:
דער מערב גליהט... אַך וועה, אָ וועה מײַן פֿרײַנד!

8.

בּיוועל צעהלען די וועהען,
די יאָהרען וואָס געהען
מיט לעבען אין ווינד:
אין שיקען די קרעכצען —
יתומים אין ווינד.

זאָל וויינען דער הימעל,
דער ווינד אין געוויימעל
זאָל טראָגען די טרערען
אויף יענע נשמות
וואָס ווילען פערצעהרען.

אין איך אין דערמיטען,
מיט'ן הארץ אויפגעשניטען,
וועל וואנדלען, באקוקען:
אויף אלי מיינע וועגען
בלוט=פאסען זיך לעגען...



## אוים „דער נביא".

---

אָבגעווענדערט אין אַ תפילה
אוים דעם טיעפסטען הארצענס־גרונד,
רופט מיך היינט אַ גאָטעס־שטימע
צו דעם היילינ־נייעם בונד:

שטעה אויף, פערלאָז דאָס פלאַכע פעלד,
און געה אַרוים אויף שפיצען בערג,
און נעם אַרום מיט טיעפען בליק
די וויטסטע עקען פון דער וועלט,
און צייל איהר טוּן, און צייל איהר ווערק,
און נעם בעטראַכט איהר טרוים און גליק —
און זעה:

אָבגעטון זיך האָט די קראַפט
פון פרומען ווילען און בעגעהר,
פערטיליגט איז אין הארצען שוין
דאָס וואָרט, וואָס איביקייט בעשאַפט,
און נישט פערנעהמען קענסטו מעהר
די שופטים'ס רעכטע שטראָף און לוין —
דאַן פרעג:

ווי לאַנג, ווי לאַנג וועט זײַן נור האַלב
דאָס פּנים אײַך, דער קאָפּ אין שטויב,
און אײַער האַרץ ווי קיזעלשטיין?
ווי לאַנג, ווי לאַנג צום גאָלדענעם קאַלב
אַלץ בוקען זיך און ברענגען לויב
און בעטן מיט רחמנות־בליק?! —
אָ ווייס:

עס וועט ווי שטיין זײַן שווער, דאָס האַרץ
און ציטערן וועט אײַער ברוסט,
דעם צווייטנס גלייך וועט זײַן דאָס אייר
און אײַער אויג ווי נאַכטען שוואַרץ,
די פּײַן וועט רײַבן אײַער לוסט
און פֿרייד וועט ווערן ווי צו טרייר —
דאַן זאָג:

בעשאַפֿען אײַך אין ליבשאַפֿט האָט
אַ וועלטען־שטאַרקער, גוטער גאָט,
און איהר האָט גנאָד מיט זינד בעצאָהלט,
זײַן האַרץ מיט שאַרפֿען צער בענאָהלט, —
האָט ער פֿון אײַך זיך אָבגעקעהרט
און הייסט מיר בוי'ן אַ נײַע ערד!

דערהערט מיך היים פֿערגעהן אין תּפילה.
און מײַן נויט פֿון האַרצענס־גרונד,
האָט מיך גערופֿען גאָטעס־שטימע
צו'ן אַ הייליג נײַעם בונד.

אַזוֹי האָט גאָט געזאָגט:
ווער עס וויל אַ'ן אײביג לעבען
אין מײַן מקדש זיך פֿערפֿלאַנצען,
זאָל זײַן זעעלע איבערגעבען
צו מײַן אויסדערוועהלטער טאָכטער,
זיך אין האַרץ מיט איהר בעהעפֿטען,
און בעטרינקען זײַן נשמה
מיט איהר ליפּען'ס זעפֿטען.

דערקענען קענסטו זי:
אָן די שטראַהלען, גלײַך ווי זונען,
וואָס בעקלאָרען איהר דאָס פּנים,
אָן די הײליג-ווײַסע ברונען,
וואָס עס קוועלען אין די ברוסטען —
איהר געצעלט בעוואוינט די שפּיצען,
איהרע קרוינען זענען שטערען,
איהרע אויגען — בליצען.

און קומסטו ווענס צו'ן איהר —
דערגרײַך איהר ברוסט און טרוי איהר בלינד
און טובל דיך אין געטער-קוואַל, —
דו ווערסט דערנאָך מײַן אײגען קינד,
און קריגסט דעם הויך פֿון מײַן געשטאַלט.
און זינגסטו איהר אַ ליעד צו לויב, —
אין פֿרײדען ווערסטו דאַן בעגליקט
און פֿרײַ פֿון ערדען-שטויב.

געדענק דאָך: אַזוי לאַנג
דו האָסט איהר פּנים נישט געזעהן,

װעסטו פאַר שװערען, טיעפען צער
אין בענקען שמערצליך זיך פערגעהן,
און װאַנדערען פון לאַנד צו לאַנד,
צו װעלקען אין אַ טױטער רוה,
דאָך רופען װעט אין דיר די נױט:
ענטפלעק דיך מיר, אָ דו!...

און װעה צום אבל דעם
װאָס װעט אין יאוש בלײַבען שטעהן,
נישט האָבענדיג בטחון מעהר!
אין נישטקײַט װעט זײַן שם פערגעהן,
אױף אײביג שױן, אױף אײביג... דען
ער האָט זײַן האַרץ אַלײַן פערקלאָגט
בײַ דעם מזבח פון מײַן גנאָד! — —
אַזױ האָט גאָט געזאָגט.

---

איך האָב אײַער פאַלשקײַט געפיהלט,
װאָס טהוט אײַך די הערצער בעװאױנען—
זי האָט אין מיר צער פערזײַט,
װען איהר האָט מײַן גאָט-רײַנע ליעבע
געטױן מיט אַ קנעכטישען שמײכעל בעלױנען.

און דערפיהלט אײַער קנעכטשאַפט האָב איך
װען גאָלד האָט געציערט מײַנע קרױנען,
און איהר האָט געקושט מיר די פיס,
איך זאָל אײַך—אַ מילדער, אַ גוטער —
אין אײַער מיט בלוט פולער פױסט
דעם שטױב פון מײַן אוצר חאָטש װאַרפען.

און איך בין אַ מילדער געווען,
האָב ריין איך מיט פּערעל בעשענקט,
מיט לידער פון גאָלדענע האַרפען...

נור האָט איהר מיין ברייטקייט דערזעהן,
איז באַלד איך אין קנאה דאָס האַרץ
ענטפאַלען געוואָרען, איהר קנעכט,
און איהר האָט מיט גיריגע אויגען,
מיט קלונשאַפט אין צביעות׳שען מוח
מטמא געווען מיינע אוצרות
מיט אייערע רויב-פּלגנקע הענד.

איך האָב אייער קלונשאַפט דערקענט!

ווי האָט איהר אין גאוה געלאַכט,
ווען איך, אייער זעלטנסטער בוים,
געטרוקענט שוין האָב אָהן דער פרוכט,
און איך האָט צעבלאָזען די ברוסט
דער שטראַהל פון גולה׳שען גאָלד...

ווי האָט איהר מיך בייגען געוואָלט!...

און בין איך געשטאַנען, גלייך אייביגע שפּיצען,
און שטאָלץ איך אין שטערען געקוקט,—
געטונקען מיין קלייד דאַן אין אייערע סמ׳ען
האָט איהר און די קרוין מיר געשענד׳ט,
און שטיל זיך געפּרעהט: עס וועט נאָך אַ געפּרופטער
פערליערען דאָס בלוט פון דער ליפּ
און וועט פאַר אונז ציטערדיג קניען!

און איך האָב מיך אַלץ נישט געבוקט.

דאָ זענט איהר געגאַנגען מײַן קבר בעזינגען
חאָטש טיעף האָט דער שפּאָט אײַך געריִיצט,
מיר אײנע פון ווײַבער צום קלאָגען בעדינגען,
געפּרופט נאָך מײַן טויט אין אַ טאַנץ,—
נור האָט איהר דערזעהען מײַן אויג נאָך בעלאָכטען,
האָט באַלד איהר פערוויאַנעטע גראָזען געפלאָכטען
צו ציערען זיך ברייט אין אַ קראַנץ.

עס האָט אין רחמנות די ברוסט מיר געצי טערט —
געמיינט האָט איהר: ס'איז דאָס מײַן לײַדען-געוויין,
איך האָב אײַך פערגעבען מיט פלאַם אין די בליקען —
און איהר האָט געמיינט, אַז איך וואַרף אײַך אַ שטיין — — —

מיר זענען אַ שייד-וועג געגאַנגען....

פון ווייטען פערנומען נאָך האָב איך אַ שאָטען;
וואָס האָט זיך געבלאַסט ווי דער רינג פון לבנות
אין איהם האָבען פײַערלעך שטומע געפלאַטערט
ווי פאַלשקייט אין מח,
ווי כעס אין בלוט,
ווי שרעקענדער כח,
וואָס טראָגט אַ מינוט,
ווי שכור'ע טריט, וואָס זיי מאַכען פערפיהרען
אויף שטאַרבענדע וועגען,
וואו געטער פערליערען
די מאַכט און דעם זעגען,
וואו שוואַרצקייט און ליכט
אין דעם דאָפּעלט-געזיכט

זיך האַלזען און קעמפֿען און טײלען די װעלע,
װאָס קען קײן דערלײזונג נישט האָפֿען.

איך האָב דאַן מײַן פּנים געהילט אין אַ טרויער,
װי זונען זיך היהלען אין װאָלקענדען פֿלעק,
געמאָסטען אויף שאָטענס דעם טאָג און זײַן דויער,
און הגעס=װײַז שװער אין אַ שרעקען, אַ שרעקען
געװאַרט אײַער קומענדען עק!...

און דעמאָלט, איהר בלינד=װידערשפּעניגע קינדער,
װען איהר זאָלט געװען מײַנע אויגען אוי? דעקען,
ערשט דאַן װאָלט געװען איהר דערזעהען מײַן יאוש,
מײַן קומער און ליעבפֿולעם מוטער=דערשרעקען,
מײַן ערשטע, פֿערצװײפֿעלטע טרער...

---

און קומען װעט אַ טאָג פֿון טרײסט,
װאָס פֿרײזען קען און פֿרײדען װײסט,
אַ טאָג, פֿול האָפֿנונג אין זײַן דיעך,
אין מוטער=דיעך.
און אויפֿשטעהן װעט פֿון זײַן געצעלט
דער יאָהרען=שװער פֿערװיגטער העלד,
װעט שמעטערען אויף עקען װעלט:
װערד פֿרײַ און הײליגט זיך!

װערד ריין, דען בלוט בעפֿלעקט די הענד,
מיט װעלכע איהר אײַך בויט די װענד,
און לאָזט דאָס טמא הויז דעם װינד,
דעם שטורעם=װינד!
בעזעעלט מיט גאָט די שטומע רוה,

שטרענגט אָן דאָס אויג און קוקט אייך צו
צום מענשען־האַרץ און רופט: „אָ דו!
בעפרייַ אונז פון די זינד!"

און קומען וועט דער טאָג, וואָס האָט
אין מענשען אויסדערוועהלט זיין גאָט,
וועט בענשען אייך מיט זיינס אַ גרוס,
אַ הימעל־גרוס!
דאַן וועט איהר יובעלן: „יאָ איך גלויב!"
און פרייזען איהם מיט טענץ און לויב.
און קושען יעדעס ברעזעל שטויב,
וואו ער וועט שטעל'ן זיין פוס.

---

איך געה נאָך צווישען אייך
מיט צוגעמאַכטע אויגען,
און דריקט איהר מיר די האַנד,
דאַן איז מיין קאָפּ געבויגען.
און יאָהרען האָב איך לאַנג
אַזוי דורך אייך געצויגען...
איך געה נאָך צווישען אייך
מיט צוגעמאַכטע אויגען.

איהר האָט געגלעט מיין קאָפּ
מיט איניג־גרויס בעגערן,
האָב איך דערפיהלט אין ברוסט
אַ האַרציג־וויייך פערצעהרען,
און, עפנענדיג דאָס אויג —
דערזעהען האָב איך טרערען!

איהר האָט געגלעט מײַן קאָפּ
מיט גלויבינג־גרויס בעגערען...

און נישט דערפֿיהלט האָב איך
דעם גאָט אויס אײַער שווערען...
איהר האָט געוואַלבט מײַן קאָפּ
מיט אינג־הײסע טרערען —
און איך האָב יעדעם ו ו אָ ר ט
צו׳ן אײַך אַזוי געוואויגען!...
געגאַנגען צווישען אײַך
מיט צוגעמאַכטע אויגען...

1.

וואָס איז אַ לייכטטורם? בלויז אַ'ן איינזאַם ליכט,
וואָס לייכט אַרויס און שטורעם פון דעם ים.
ווען ווינט און וואַל דאָס שוואַכע שיף צעבּרעכט,
גרייכט ווייט אין ים אַרויס זיין העלער פלאַם.

און ס'קומען די שיפבּראָכיגע צום ברעג,
פול פרייד, וואָס די סכנה איז פאַרביי.
דאָרט קלינגט די שמחה דעמאָלט אַ פּאָר טעג,
און לוסטיג לעבען הילכט און פריידנגעשריי.

און ווען דער האָריזאָנט געלייטערט ווערד,
ציהן אויס אויפסניי אין ים אַרויס די געסט.
און ער בלייבּט איבער אויף דער מדבר־ערד
אַן איינזאַם און אַן אָבגעשלאָסען נעסט.

ס'וויל זיך נישט זיין אַזוי, נישט זיין אַליין.
אין הארצען אָרעם און אויסוויינען ריין —
ס'וויל זיך אין מיטען פון דעם שטורעם געהן
און האָפען, ליידען דאָרט מיט יעדען גלייך.

וואָס איז אַ לייכטטורם? נאָר אַן איינזאַם ליכט,
כאָטש אַלע גאַרען זיך צו'ן איהם פון ים.
ווען אַנד'רע שיפען זיך אויף כוואַליעס רעכט,
אין מדבר טרויריג בענקט זיין רייכע פלאַם.

## 2.

אַלֶע מײַנֶע בּילדֶער
האָבּען קײַן ממשות.
גאָלדענע דמיונות
פֿון אַ בּין־השמשות.

ליִעבּליכע זכרונות,
לעכטיגע געדאַנקען
פֿין אַ שטילען לעבּען,
פֿין אַ האַרץ, אַ קראַנקען.

פֿין אַ האַרץ אַ פֿרומען,
פֿון אַ האַרץ אַ שטומען,
פֿון דעם גאַנצען האַרצען
זענען זײ געקומען.

---

3.

דאָס לשון פֿון די פֿייגעל
האָב איך מיך געלערענט פֿאַרשטעהן;
און אַלע ווייערע ליעדער
זינג איך זיי נאָך אַליין.

די צייכענס פֿון די שטערען,
די סודות פֿון דער וועלט,
די קולות פֿון אַלע חיות,
פֿון הימעל, וואַלד און פֿעלד!

דאָס ברומען פֿון די לייבען
אַזוי ווי דעם ווינזעלטיר'ס פּייף.
און אַלע שריפֿטען ליין איך,
און לעז די בלומענס כתב.

איך קוק צוריק און פֿאָרויס
אויף פֿיעלע טויזענד יאָהר,
און קוק מיט אָפֿענע אויגען
דורך אַלע הימלען קלאָר.

---

4.

אָ שעֶהנעֶ, גרויסעֶ וועֶלט,
ווי שעֶהן בליהסטו אין מיר!
אָ טבע בליהעֶנדיגעֶ,
איך בין אַ טייל פֿון דיר.

איך בין אַ שטויב פֿון דיר
אין פֿיהל דיין לעֶבעֶן מיט.
מיט אַלעֶ דיינעֶ בלומעֶן
האָב איך מיך אויך צעֶבליהט.

דיין פֿריכפּעֶרדיגעֶן רעֶגעֶן
האָב איך אויף מיר געֶפֿיהלט.
מיט דיינעֶ פֿייגעֶלס זינגעֶן
האָט זיך מיין האַרץ צעֶשפּיעֶלט.

מיט דיינעֶ ווינטעֶרס וועֶל איך
צום סוף אויך שלאָפֿעֶן געֶהן,
מיט דיינעֶ פֿריהלינגעֶן
אַמאָל נאָך אויפֿצושטעֶהן.

---

5.

די נשמה איז אַ כלה,
און דער הימעל איז די חופּה,
און די פֿייגעל זענען כלי־זמר,
און די חתונה הייסט פֿריהלינג.

און אין איהרע שענסטע רגע'ס
איז אויף דער נשמה טרויער.
וויינט זי אין זיך, ווי אַ כלה,
ווען דער מאַרשאַלעק באַוויינט זי.

6.

אימבאַקאָנטע
האָריזאָנטען,
ווײַטע וועגען, איך אין מיט.
ס'פֿירמאַמענט
אימגעווענד'ט
בלײַבט אַם העכסטען איבער מײַנע טריט.

פֿלאַמגערײניגט,
גאָטפֿאַראײניגט
שטעה איך אין דעם לעבענס ים.
ווי אַ זײַל,
טויזענד מײַל
לײַכט פֿאַר מיר דער ליבעס פֿלאַם.

7.

און איך האָב אין האַרצען פֿול ווייטאָג געקלערט:
אין ערגיץ, אין ערגיץ נישט לאַנג זיך צו האַלטען!
ווייל וואו דו בלייבסט לאַנג אויף אַן אָרט אויף דער ערד,
דאָרט מוז אין צוויי טיילען דאָס האַרץ זיך צעשפּאַלטען.

איין טייל לאָזט איבער, איין טייל נעמסטו מיט,
און לאָזט ערגיץ ווייטער דאַפֿון אַ טייל קלעבען.
וואָס טויג אַזאַ האַרץ? טאָ פֿאַרהאַלט נישט דעם שריט
און מאַך פֿון דיין לעבען אַ וואַנדערער־לעבען.

---

8.

נאָהנט זענען מיר אַלע וואונדער,
אין מעשׂים פֿון יעדער צייט.
און בין איך דאָ אַצונדער —
אין מאָרגען בין איך ווייט.

דעם וועג פֿון שטן מייד איך,
זיין ברייטסטער וועג איז מיר שמאָל.
און וואו סע׳וואוינט די ליבע,
דאָרט קום איך נאָך טויזענדמאָל.

9.

ווען ליפּ צו ליפּ דערנעהנטערט
אין הייליג ציטערן גליהט,
דירך אונזער הארצענס משכן
גאנץ שטיל די שכינה ציהט.

פון כם אין כם געהט איבער
דער זיסער הימעלווײַן.
אזוי וועל מיר קרבּנות
און די כּהנים זײַן.

דער קיש איז די עבודה,
און אונזער תפלה שטום,
אין אונזער יוגענד'ס ליעבּע
איז קדש קדשים.

## 10.

גֶעוואַקסֶען אִיז אַ בלִים אִין גאָרטֶען
אִין וואַקסֶענדִיג האָט זִי גֶעוויאַנֶעט.
דֶער ווִינט האָט אַזוֹש גֶעקלאָגט:

ווֶען מ'נֶעמט דִי בלִים אַוועֶק פוּן דאַנֶעט,
ווִי שֶׁעהן וואָלט זִי גֶעקֶענט גֶעראָטֶען.
אִין ס'האָט מַיין האַרץ גֶעקלאָגט:

ווֶען ס'וואָלטֶען גִיטֶע הֶענד זִיךְ מִיהֶען,
וואָלט זִי גֶעקאָנט אִין שֶׁאטֶען בלִיהֶען.
אַ שאָד דִי בלִים אַ שאָד.

אִין טרוֹירִיג האָט אִין ראָסֶע-טרֶעהרֶען
דִי בלִים אַלַיין גֶעלאָזט זִיךְ הֶערֶען:
אִיךְ בִּין נִישט ווֶערט בַּיי גאָט.

---

11.

בײַ דער ליבע'ס סעודה וועסט
דו מײַן האַרץ דאָך זײַן צולעצט!
אָרעם וועסטו דאָרטען זיצען
פֿרעמד צו די געפּוצטע געסט.

אין דײַן טײל וועט מען דיר געבען
שלעכטען ווײַן אין קאַרגע קעסט.
וואָסושע הענגסטו אָן דער ליעבע
מעהר ווי אַלע הערצער פֿעסט?

## 12.

אונטער דעם פליגעלע האלט עס דאס קעפעלע,
חלומ'ט דאס פייגעלע: זומער איז דא.
אבער דער ווינט האט געצייטעלט די בלעטער שוין,
און אויף דעם הימעל איז שוין נישט דאס בלאה.

טרעסעט עס אב פון דעם שלאף זיינע פליגעלעך,
פליהט עס אוועק און דאס נעסט בלייבט צוריק.
רוישען די בלעטער, נאך ציטערט דאס צווייגעלע:
ס'ערשט דא געווען און נישטא שוין דאס גליק.

13.

ווי צווי געלערנטע נאך א זכוח
פארגעבען זיך פון גאנצען הארצען,
פארגלייכען זיך די גליקסטעג פון מיין לוח
מיט מיינע טעג פון טיעפסטע שמארצען.

די גליקסטעג און די טעג פון שמארצען
האט גאט אונז צוגעטיילט צום לעבען;
כ'נעם אן מיט גלייך בארוהטען הארצען
א יעדע גאב פון איהם געגעבען.

14.

ווען איך בין מיט אייך,
איך בין אָרעם איהר זענט רייך.
עפּען איך אַ טיר,
זענט איהר דאָרט שוין פריהר,
טרעפּט אַ גליק אונז וואו,
נעמט איהר מיר עס צו.
גוט ערשט קען מיר געהן,
ווען איך בין אַליין.

15.

ווִיפִֿיעל דָאס אוֹיג מײַנס פַֿארנעֶמט,
האָט מִיר דעֶר הִימעֶל בּאַשׁעֶרט.
אִיבּעֶר אֲזוֹיפִֿיעל צעֶשׁפּרײט
הִימעֶל זִיךְ אִיבּעֶר דעֶר עֶרד.

זוּנשײַן און בּלוּמעֶנדוּפֿט אִיז
פֿוּן מײַנעֶ לעֶנדעֶר דעֶר צִינז.
ס'אִיבּרִיגעֶ לאָז אִיךְ צוּרִיק
יעֶנעֶ וואָס זוּכעֶן געֶווינס.

16.

אַ הַארצֶענסגֶעלִיעבּטֶע, אַ פְֿריינד, אַ גֶעטרייעֶר,
אַ טִישׁ און אַ בֶּעט און אַ אייגֶענֶע היים,
אַ דאָס אִיז דֶער קאָרעֶן און דאָס אִיז דֶער שייעֶר,
און דאָס אִיז דֶער הִימֶעל פֿוּן וועֶלכֶען אִיךְ טריים.

דאָס זֶענֶען דִי פְֿריידֶען, וואָס אִיךְ וִויל גֶענִיסֶען;
פֿאַר וועֶמֶען ס'אִיז וועֶנִיג, מִיר אִיז עֶס גֶענוּג.
און אִיךְ וועֶל צֶעטיילֶען אויף דרייעֶן מיין בִּיטֶען,
און שׁטעֶהן וועֶל אִיךְ לאָזעֶן דעֶם וויין פֿוּן מיין קרוּג.

---

## 17.

מײַן לעבען איז שטום
זײַן אויסענדיג פֿיהרונג מוז בלײַבען א סוד.
וואָס איז אײַך דער חלוק וועלכעס קינד איך קוש,
וואָס טויג אײַך צו וויסען די גענג, וואָס סע׳האָט.

דאָך איז אָפֿען מײַן ברוסט.
און ס׳האַרץ רעדט אַלײן און סע׳ווײַזט אײַך די שניט.
און ווײַזט אײַך זײַן פּײַן און סע׳ווײַזט אײַך זײַן שײַן,
זײַן בלוט און זײַן רוט און זײַן אײנציגען גאָט.



# ליד.

קום שטורעם!
מיין הארץ איז ווידער ווילד,
מיין הארץ איז ווידער גרייט —
מיין פרייד — —

קום נאכט!
מיין הארץ איז לאנג שוין קלוג,
מיין הארץ איז לאנג שוין גרייט —
מיין פרייד — —

רייס אוים די רוה,
שטורעם, שטורעם!
און איך בין איבערקלוג,
און מאך די אויגען צו —
און הויך געלעכטער ציהט —
מיין ווילד געמיט — —

## כ׳בין ווייניגער נאך...

כ׳בין ווייניגער נאָך ווי אַ פֿרוכטבאַרער פֿרײַנד,
כ׳בין ווייניגער נאָך ווי דאָס ווײַסע לאַם.
אָבער טראָג מיר נישט נאָך קײַן סם!
אָ זעה איך לאַך, מיר איז גענוג.

כ׳בין ווייניגער נאָך ווי דאָס ווײַסע לאַם,
און ווייניגער נאָך ווי די האָניג־בין —
אָבער דער קאַרשבוים בליהט ווײַס אין גרין;
איך בין אַ בוים אין וואַקס און פֿאַרבליה,
אין שווײַג און פֿאַרבליה;
אָבער ווייניגער בין איך נישט?
אָ זעה איך לאַך. —

---

# איינזאם ליד.

דאפאר איז בעסער גיך פאר מיינע טעג,
און מויער'ן הויכע פאר די אויגענס שיין;
ווייל ליכט איז איבערזעטיגינג, און ליכט איז פיין.

ווייל יעדער בליק ווערד ווילד הערלעבניש, און יעדער בוים א נייער וועג,
ווייל מיין נשמה'ס סטרינגעס זענען הויך געשפאנט,
און יעדער בליק איז אומבארופענע האנד.

לאז מיך אין טינקעל פון מיין שטילער העליקייט,
און אין דעם זיסען טרוים פון נישטערלעבען.
לאז רוהיג זינקען, טיעפער מיין נשמה'ס פרייד;
די פעדעם ציהען זיך שוין דא און דארט,
די פעדעם פון דעם איינזאמקייט'ס־פארוועבען. —

---

# דער מוטער.

פין ווינטערווייסע, שטראַלענדיגע קינדהייטטעג
ביזטו — א צאַרטע פרוי — וואָס אויפצוהיטען
פלעגסטו די מיר; און אין דיין יונג געמיט אויף ווייטע פעלדער וויזען,
אין מיטצונעמען פלעגסטו מיך, געדענק איך, אויף א ווייסען וועג — — —
זילבער'ן לאַכענדיג — יונגע מוטער.

היינט לעשט מיין יוגענד ליעבערייך און שמערצענרייך,
די שאָטענס ציהען זיך, די שאָטענס זינקען;
די ערשטע ווייסע זילבערפעדעם אויף דיינע מידע שלעפען ווינקען —
שוין זינגט מען דאָס אבענדליעד, זינגט מען פון יענער זייט טייך
זאָרגענדיגע מוטער.

פול מידער בענגשאַפט וואַרטסטו אויף מיין יונגער מאַיעסטעט,
און זעהסט מיין אָרעם שטאַרק זיך פאַר די לעהנבאַדערפטיגע שטרעקען;
די וועסט די מידע אויגען מיט ביידע הענד פאַרדעקען,
און כ'וועל דיר געבען ווילינג, מיין שטאַרק, און טריי געלייט.
אַלטע מוטער. —

# שטימען.

געה ווייטער דעם שווערען דיכטערוועג:
די אויסגעבענקטע הייך וועסטו אַמאָל דערגרייכען.
אין אויף דיינע ווייטע, איינזאַמע הייכען
וועסטו דערהערען פֿערוואונדערונגס-שטימען;
זיי וועלען צו צעהנערטויזענדער קומען,
אין שטוינענדיג רופֿען: אַ לידער-העלד!
אין פֿאַר אַ יעדען פֿון זיי וועסטו
זיין אַ צעהנטויזענדסטעל וועלט. —

אָדער פֿאַרוואַרף דעם שכור'ן טרוים,
אין גיעה אַראָב צו די אָרימע זעעלען;
איינע צי וועהלען, אַ שטילע צו וועהלען.
די וועסט איהר ווערען איהר איינציגער שטערען,
זי וועט דיינע רייד ווי געזאַנגען הערען —
אין פּשוט, און האַרצפֿול, און אומפֿאַרשטעלט,
אַמאָל ביי נאַכט וועט זאָגען זי:
די ביזט מיין גאַנצע, גאַנצע וועלט. —

* * *

וואָס בין איך דען מעהר ווי אַ אָפֿענע וואונד?
וואָס בין איך דען מעהר ווי דערשרעק, ווי דערשרעק?
אין מעהר ווי אַ ציטערנדיגער שטונד
פֿון הונדערטטויזענד געווען?

וואָס בין איך דען מעהר ווי אַ אָפּענע שאָל,
מיט לייכטען געטראַנק, וואָס גלאַנצט אין דער זון,
וואָס ווייניגער ווערד אַלעמאָל, אַלעמאָל?

וואָס בין איך דען מעהר ווי אַ פֿרוי וועלכע וויינט,
ביי יעדען געשריי, און ביי יעדען געזאַנג?
כאָטש ס'איז מיין חלום גאָלד־איבערגעקריינט,
און זוניגער שטויב אויף אַלע מיינע וועגען.

---

# פעסימיסטיש ליד

1.

די װעהסט דאָך; דאָס לעבען, עס קרײַצט יעדען שריט,
אָ װעה, ס'איז מײַן ברוסט איהם אַנטקעגענגעשטעלט;
װעהסטו, די װאונדען אומגעצעהלט —
דעם לעבענס שניט.

װי לאַנג קאָן די מענשליכע ברוסט, און דער בליק,
אויסהאַלטען דעם לעבענס שאַרף אין אויג?
נישטװיליג, — יאָ אמת — דאָך װעה װי איך בויג
צוריק מיך — צוריק.

## פּעסימיסטיש ליד.

I.

אין מאַנכמאָל ווייסטו, בייג איך מיך אָן
דעם לעבען. — גרויזאַם ליד!
אַזוי ווי אַ הינד צום דערשלאָגען
בייגט טרויריג אָן דעם סאַמעטענעם נאַקען,
אַזוי ווי אַ יונגער בוים צום האַקען — —

אין מאַנכמאָל, ווייסטו, בויג איך מיך אָן
דעם לעבען. — גרויזאַם ליד!
אין זוך אויף דער ערד מיט די לעצטע בליקען,
און וויל געפינען אין טויט, אין בריינגען
די שיין פון פאַרגאַנגענע זינען.

# נאך א פעסימיסטיש ליד.

מיין לעבען איז גרין און זאפטיג דער גייסט,
און איך בין א יונגער, א סאסנאווע בוים,
און די ביזט מיין פיינד און מיין בייזער גאסט,
און די האסט געווארפען זיך שווער מיט דיין לאסט
איבער מיין גרינעם, זינגענדיגען אסט.
מיין לעבען איז פריהלינג און פריהלינג איז היינט
און איך האב ארויסגעבליהט, אויסגעבליהט, אויף —
א בוים —

און איך בין ליבע און שטראלען מיין גייסט,
זיי שטראלען לאנג און זיי שטראלען באנג,
און ריהרט מען זיי אן קומט מעטאלישער קלאנג.

און איך בין א קוואל און קלאר איז מיין גייסט,
און די ביזט מיין פיינד און מיין בייזער גאסט:
און די האסט געקיילערט שווערע שטיינער'ס לאסט
אויף מיינע הייליגע אדערים —
דאך בין איך א קוואל — און ארויסגעשפריצט
האב איך די קוואלען — און אויסגעבליצט
האב איך מיט אלערליי פארבען.

ניר און מיר, און מיין מענשליכסטער טיף,
איז טיפע בענגשאפט צו רוה און צו שטארבען:
און מידע טרויער ווייט און ברייט,
און ציללאזיגקייט — —

---

## גאט — — גלויבען.

גיב מיר דאָס וואונדערבארע, גרויסע ליכט,
וואָס זאָל מיר שיינען פון דיין שכינה, אויבען,
וואָס זאָל מיר מאכען העל די שווארצסטע נעכט;
גיב מיר דעם גלויבען! —

ווייל גלויבען איז א זון, נור אונטער שטראַלען האָט
דאָס גאַנצע גרויסע לעבען זיך דערהויבען;
גיב מיר דאָס העלסטע ליכט. גאָט —
גלויבען.

## פאר זיי

### I.

אין יענע וואס דו האסט צו פיינען זיי פארמשפט,
גיב נישט די ערקענטניש — גאט!
צים עשאפאט
פיהר בלינדע. —

אין דאסטו קראפט געגוג צו משפט'ן דאן האב דערבארעמונג
דערבארעמינג פאר די מיליאנען, גאט!
טהי מיט זיי גנאד;
אין שלאג מיט בלינדקייט!

ווייל נישט פאר מיר ניר פאר די קלאגעדיגע,
וואס ארים מיר בעט איך דיך, גאט!
וועה דעם וואס האט
די טויזענד פיינען אין ערקענטניש. —

אין האט דיין אוצרות=קאמער נישט גליק גענוג פאר אלע,
איז דא דאך בלינדקייט פיעל, א גאט!
היט דיך, היט
צי געבען די ערקענטניש
אין צו געבען טויזענדפאכע פיינען.

## פֿאַר זיי.

### II.

אין דיר האָסט זיך דערנאַרעמט,
אין האָסט די טויזענדפֿאַכע בלענדעניש געגעבען;
וועה, וועה דעם לעבען,
דעם בלינדען לעבען — וועה!

און וואָלסטו העלזעהן זיי געגעבען —
זיי וואָלטען אפֿשר זיך פֿין שטויב געהויבען,
מיט פֿליגלען העכער — אויבען —
פֿאַרלאַנגען גליק.

עס וואָלטען אפֿשר העלזעהן — שטראַלען
אַוועקגעיאָגט די נאַכט, די טויזענד פּײַנען,
ס'וואָלט אפֿשר אויפֿגעשטאַנען
אַ העלע וועלט. —

# ליבע.

איך גלויב נישט אָן דיר, און איך האָף נישט צו דיר;
ווייל דאָס גלויבען איז ווילד,
און דאָס האָפֿען איז בלינד,
און דאָס האָפֿען איז בלינד —
שווייגענדיג ליכט! גאָט!

ניר מיין ליבע צו דיר, נור מיין ליבע, גאָט!
וואכט אויף אין די נעכט און הויבט אויף זיך צו דיר,
ווי שווערער ריח פֿון בשמים־בראַנד,
ניר די ליבע צו דיר שפרייט איבער די טעג
אַ שלייער אויף מיין גייסט. —

פֿון דיינע ספֿרים גערט אויף אַ ליכט,
און איבערמאַכטיגער כּשוף
זינגט אויף אין לערנינג־נעכט.

איך גלויב נישט צו דיר, און איך האָף נישט צו דיר,
דאָך אָרים די וואָס קענען דיך נישט,
ווייל דיינע מלבּושים'ס ריח איז ליבע —
גאָט.

---

## צו דיר.

אַזוי בין איך געבוירען, מיין נשמה נאַקעט,
געבינדען —
אַזוי אין דער נאַכט,
צו דיר אָ גאָט!

איך כ'האָב מיך געבריהט מיט זידענדיגע פּעך,
און פון די שטריק אַרום מיינע פליגלען,
האָב איך געפלאָכטען שטראָפּענדיגע ריטען,
זעה — נאָך בליטען מיינע וואונדען. —

און פון די רוטען, און פון דעם פּעך
האָב איך געפלאָכטען
אַ פאַקעל —
צו דיר —
צוליב דיין הייליגען נאָמען.
און מיט פייערשטיינער האָב איך אויך געמאַכט
אַ פלאַם אויף דער פאַקעל —
צו דיר —
אַ נאַקעטע נשמה בין איך געבוירען,
און היינט שטעה איך — עפען! — פאַר דיין טיר.
די פאַקעל ברענט — און אַ פאַקעל ברענט
שנעל —

עֶפֿען, מײַן קרבן ברענט העל.
ס'האָבען מײַנע טריט דײַנע הײף נישט געשענדט
ביז הײַנט. —

עֶפֿען — אײנער פֿון װײניגע װאָהרע זוהן,
עֶפֿען — אײנער װאָס זיכט דאָס גרױסע רוהן,
נאָך אײנמאָל — נאָך דרײַמאָל — עֶפֿען!
ביז דער יאוש האָט אָנגעצונדען ראָם בלוט,
ביז די הענד האָבען אױפֿגעהױבען די פֿאַקעל
שלאָגענדיג מאַכטפֿיל מיט א הר צו דעם אײַזען —
מאַכטפֿיל און הױך װי מײַן האַרץ.

אַז סנאָפּעס פֿונקען זענען אױפֿגעבליצט!
אַזױ האָב איך געװאָרפֿען די פֿאַקעל צו דיר,
פֿאַר דײַן טיר. —

# שופטים ח׳, יח־כא.

ליין נאָך אין די ספרים, און דו וועסט געפינען,
אַז עֶר איז געוועזען שווער ווי אַ שווערד,
גדעון דער שופט, גדעון דער האַר.
און האָט צו די מלכי=מדין געזאָגט:
(זיכער זיין וואָרט ווי דער וואָרף פון זיין שפיז)
— איך וואָלט אייך געשאָנקען דאָס לעבען, דאָך איהר,
איהר האָט מיט מיינע ברידער'ס געשטריטען
אין תבור, און האָט געבראַכט די בלוטען
פון מיינע ליבליכע ברידער'ס אויף אייך.
בלוטען אויף אייער קאָפּ.
און די נקמה איז גרויס ווי גאָט
און הייליג און הייליגער נאָך:
און צייט איז בלוט.

קום נעהנטער, מיין יונג, קום יתר מיין זוהן;
שפרעך הייליג דיין יונגע שווערד!
הויב אויף און ציק! און גיב צוריק
דיינע פעטערס בלוט דער ערד!

און יתר דער יונג האָט אין שרעקען געבליקט
צו גדעון דעם פאָטער און גאָר=ניט געוואוסט —
און יתר, דאָס קינד, האָט די שווערד ניט געציקט.

האָבּען די מלכי־מדין געלאַכט;

— האַ—האַ, האַ—האַ! קים אתה ופגע!

פּאָטער שטעה אויף, שטעה אויף אין שפּאַלט!

טהי זיכער, טהו באַלד.

טייער אין בּלוטיג איז אונזער צייט.

אַזוי ווי דער מאַן אַזוי זיין געזינד,

און יתר דיין יונג איז אַ קינד נאָך, אַ קינד,

אָ שופט, אָ האַרטער האַר!

אַ קינד איז נאָך יתר בּן גדעון.

---

## צום שטערען רוה.

שטערען, אַ שטערען פֿון רוה,
מיין לעבענס געזאַנג איז אַ תּפלה צו דיר;
לייכט איבער מיר,
אַ שטערען פֿון רוה!

שטערען, אַ שטערען פֿון רוה,
בלייב שטעהן איבער מיר אין דיין גאַנג;
כ'וויל זינגען אַ גרויס געזאַנג,
אַ שטערען!

אַ שטערען, אַ שטערען פֿון רוה
לייכט העל אויף מיין שטילען און גרויסען געדאַנק;
כ'וועל זינגען דאָס לעצטע געזאַנג
אַ שטערען, אין דיין ליכט. —

---

## דער חכמה.

חכמה, געטליך ווארט, הימלישע אוממעגליכקייט,
באהאלט נישט אזוי אימעטיג פאר מיר דאס פנים,
הימלישע אוממעגליכקייט: זעה, מעגליך איז דער זין פון מיינע רייד:
כ'וויל זיין דער מינדסטער נאר דא אינטער די נאראנים.

חכמה, געטליך ווארט, רוהיגע אוממעגליכקייט,
אז איך האב איינמאל שוין דיין ריה געפונען,
רוהיגע אוממעגליכקייט, וועל איך מיך נאכציה'ן ביי דיין בלאעם קלייד
צום גוטסקייט—ברונען, רוהע—ברונען, צו דיין ברונען — —



## אין דעם זעלבען פערלאַג זיינען ערשינען נאָך פאָלגענדע ביכער.

ש. י. אימבער — היים ליעדער . . . . . . . . . . פרייז 3.— קר.
" " אסתר׳קע . . . . . . . . . . פרייז 4.— קר.
דר. נתן בירנבוים — דברי העולים (יודיש) . . . . . פרייז 1.60 קר.
" " " " (העברעאיש) . . . . פרייז 1.60 קר.
יום־טוב ביכער (א זאמעלבוך) . . . . . . . . . פרייז 2.50 קר.
ראובן פאַהן — תקופת ההשכלה בוינה ח״א . . . . . פרייז 8.— קר.
ג. שאָפּמאַן — ליעבע און אנדערע נאָוועלען . . . . . פרייז 7.— קר.
מלך ראַוויטש — רויאינעגגראַז (געדיכטע) . . . . . . פרייז 2.— קר.

אדרעסע פאַר צושריפטען און געלד־זענדונגען:

**Redakteuer MAX HICKL, WIEN, VIII. Lerchengasse Nr. 6a.**

דרוק פון ל. בעק און זוהן, אונטער דער לייטונג פון ישראל לאַנדאַו.